# אייביק וואָרט

אָ, אייביק וואָרט, דו טוסט אין פינצטערניש זיך צינדן,
אין האַלבער נאַכט ווען ס'נעמט קיין שלאָף צום אויג.
ס'טוט די נאַקעטקייט די גרויליקע זיך איצטער בינדן —
מיט ווייטן אורשפּרונג, מיט ווילדן בויג.

אָ, פריער מאָרגן, וואָס ברענגסטו מיך צעטראָגן? —
איך זע זיך איבער גרינער לאָנקע אינעם טונקעלן שאָטן יאָגן —
אַ חיה איבער אַ פאַרנאַכטיק פעלד.
אָ, ערשטער, אַמאָליקער טאָג —
דורך דיר בין איך געקומען —
אין טרויער אַדורכגיין די וועלט.

און אין וואָס פאַר אַ געשטאַלט וועל איך זיך שפּעטער זען?
גאָט, באַשירעם מיך, נישט פורעם מיך אין דערווילדער חיה
אין מערדער געשטאַלט. —
ווען אַלץ אַרום וויינט ווי אויף אַ וויסטער לוויה
און גאָטס אייביקייט צו די פינצטערע גרונטן פאַלט.

ווי טרויעריק ס'איז צו זען דאָס פאַלן צו גרונטן. —
דאָך ווייס איך, אַז איבער אונדז איז אַ טיפערער זין פאַראַן,
כאָטש דער וואָס האָט אויפגעהייבן די האָריקע לאַפּעס,
פירט דעם מענטשן געבויגן אין שפּאַן.
ער בייטשט זיין קאָפּ, זיין צעבלוטיקטן רוקן
און לאַכט, שטשירעט מיט ציינער.
דאָך ווייס איך, אַז דו ביסט פאַראַן,
וואָס קוקסט דורך טיפער אייביקייט —
גאָט, — דו איינער.

גאָט, — דו איינער —
וואָס האָסט פון הוילער ליידיקייט אַ וועלט געמאַכט, —
איז דאָך אַ וועלט אַזאַ פאַרבליבן.
פון אַלץ וואָס וועט חרוב ווערן —
בלייבן וועלן דיינע טעג די אייביקע זיבן.

און פון דיינע טעג די זיבן
וועסטו צוריק אַ וועלט באַשאַפן.
דורך פינצטערניש אַ וועג געפונען.
דאָס ליכט פון דער וועלט איז פאַרחושכט —
און ס'קאָנען קיין ענטפערס ניט געבן די בלוטיקע זונען.

דאָך, ווען אָוונט־צייט קומט —
און ס'קומען די שטילע שטערן,
פרעג איך תפילהדיק ביי גאָט:
— און וואָס וועט זיין, אַז אויך די זיבן טעג וועלן חרוב ווערן?
נאָר ס'גיט נישט קיין ענטפער גאָט,
נישט מיר, און נישט מיין בלוטיקן דור.

# איך קאָן שוין מער ניט

גאָט, איך וויל היינט שטאַרבן יונגערהייט. —
צו וואָס שמידן פאַר מיר אַ שווערד, צו וואָס אַ קייט?
ווער נאָך, ווי דו, געדענקסט,
ווי מען האָט געטראָגן פון מיין אָרעמען הויז
טויטע טאַטע־מאַמע דורך טירן אַרויס.

און דו, מיין גרויער, אַלטער זיידע,
מיט געבויגענער פּלייצע ביי דער וואַנט.
מיט דורכגעשטאָכענער שווערד. —
ביסט געפאַלן צווישן זעלנערישע שטיוול
אויף בלוטיקער ערד.

גאָט, איך קאָן שוין מער אין בלוט ניט גיין.
איך, דער עדות פון אַ בלוטיקער צייט —
לזכרון —
פאַר דורות און דורות
און טויזנטער יאָרן.

איך בין אַן עלנטער, אָרעמער מענטש.
בין איך אַ גאַנצן טאָג איבער שטיבער אַרומגעגאַנגען
פאַרדינען אויף ברויט. —
איצט, אין מיין אָרעמען צימער, צום פּראָסטן טיש —
קום, גאָט, נעם אַוועק דאָס ליכט פון אַרום מיין קאָפּ
און גיב מיר דאָס, וואָס דו רופסט — טויט.

איצט, אין פאַרנאַכט, ווען זאַכן ווערן פולער, ציטערדיקער,
און נעמסט פון זיי אַראָפּ די לעצטע פלעקן ליכט —
פון טאָג די טונקעלע שיין, —
וואָלט איך געוואָלט זאָלסט אויך דאָס ליכט מיינס נעמען,
ווי דו נעמסט די זאַכן דיינע, אויף אייביק
אין דער פינצטערער נאַכט אַריין.

# דורך טויזנטער יאָרן

.1

טונקל־גרויער האַרבסטיקער אָוונט.
ס׳פאַרנעמט מיין אויער ס׳געריש פון וואַסער איבער שטיינער.
איך שטיי און קוק אַראָפּ אין טיפקייט פונעם גרונט. —
אָ, יאָרן טויזנטער, סגייט אויף דורך אייך —
מענטש פון ערד און ביינער.

אַרום מיר — ברייטע, ווייטע פעלדער,
איבער פעלדער דרייט און הייבט דער שטויב.
אָ, באַשאַפער, שוין לאַנג אַוועק דער טאָג פון דיין באַשאַף —
און איצט איז אַלץ נאָר רויב.

און ווי אין מיין ערשטן טאָג, בין איך ווידער איינזאַם.
עס שטייען ביימער הינטער וואָלקנס, נאַקעט די ריטער.
גאָט, עס ווייננט אַריין מיין טרויער
אין דיר — דעם אייביקן היטער.

היטער פון טאָג הינטער טונקעלע שלעסער,
נעמסט איבער אין רחמים הימל און ערד.
אין אַזאַ ליכט איז משה געשטאַנען אויפן באַרג סיני,
ווען ער האָט צום פאָלק דורך פייער גערעדט.

רייד טיפע, אייביקע רייד פון משה, —
דאָס פאָלק צופוסן פון באַרג מיט אַרויפגעריסענע קעפּ.
גאָט, גיב אונדז צוריק אונדזער גרויסן משהן!
באַפריי אונדז פון צער, באַפריי אונדז פון קלעם!
שוין טויזנטער יאָרן און יידן שטאַרבן מיט בלוט אויף תורות,
מיט צעשפּאָלטענע ליפּן אויף קידוש השם.

און נישט דאָס איז דאָך געווען דער זין פון בראשית —
אומצוברענגען דעם מענטשן דורך פייער און שווערד.
גאָט, פאַרפלייץ שוין צוריק מיט ימען, מיט אָזערעס —
דיין וויסטע, דיין זינדיקע ערד.

.2

עס ברענען אין אומקום אין רויטקייט די בלעטער,
זיי טראָגן זיך אין נעץ, אין ווינט.
וואָס זע איך איצט ווידער אויף באַרג הינטער הימל ?
אברהם, וואוהין פירסטו דיין יינגל, דאָס קינד ?

אברהם איז גרייט. אין צאַפּל.
יצחק, דער קרבן — מיט אָפענע אויגן צום געבאָט.
אָ, ווייסער באַראַן, דו קומסט איצט
דיין אומשולדיק בלוט ברענגען פאַר גאָט.

יצחק דורך נס נידערט אַראָפּ פון דער עקדה. —
דעם באַראַן פאַר אַ קרבן געבראַכט.
וואָס גייט איר איצט אויף אין ווייטקייט איר פלאַמען,
אין שפּעטן אָוונט, אין אָנקום פון נאַכט.

די טעג פון געשיכטע אין פינצטערניש לויכטן.
כאָטש ס׳איז נאַכט איצט און אַלץ אַזוי ווייט.
ברענענדע שטערן, העלע לבנה —
באַלויכט איר אונדזער אימהדיקע צייט.

אַזאַ צוק, אַזאַ שווידער דורך לייב גייט אַדורך,
כאָטש עס צינדן זיך ווידער לבנה און שטערן.
דורך טייכן, דורך ערד, אַזויפיל טויזנטער יאָרן —
און מען קאָן נאָך דאָס וויינען פון דורות דערהערן. —

דאָס וויינען פון שטילע, געפּייניקטע דורות,
מידקייט און אייביקע גרויקייט צוזאַמען.
עס פאַלן די טרערן, געזאַלצענע טרערן,
אין טיפקייט פון תהומען, אין ביטערע ימען.

דאָס וואַסער איז ריין. די כוואַליעס פאַרשווימען.
די שטראָמען זיך גיסן אין רויטקייט אַריבערן ברעג.
אָ, קייטלט זיך רינגען, רינגען פון טרויער,
שטאַרקער אין אונדזערע בלוטיקע טעג.

שטאַרקער די רינגען. נאָך שטאַרקער די קייט.
געבונדענע העלדזער, צעריסענע הענט.
ימען און טרערן קענען פייער פאַרלעשן —
די קייט וועט בלייבן אין אייביקן בלענד.

# אײביקע װאַנדערער

.1

גאָט, װי טרויעריק איז צו הערן דאָס געװײן פון דײנע הײזעריקע שיפן,
װען די שטאָט איז אײן אָװנט, װען די שטאָט איז אײן װײנט.
פאַרלוירענע טראָגן מיר אונדזער בענקשאַפט דורך גאַסן און הײזער
צו װײטע שיפן, צו אַ ימיקן װעג װאָס פירט בלינד.

דאָ, בײם קאַלטן אָטעם פון דײן גרױליקן ים —
איז מיר הימלעכער צו װיסן, אַז ביסט דאָ:
האָסט אָפּגעמעקט דאָס רויט־ליכט פונעם טאָג,
און צוגעמאַכט די לעצטע אָװנט־שעה.

גאָט, —
ציגד אָן די פײערן אַרום דעם ברעג פון ים.
דאָס װאַסער װעט פאַרװאַשן שוין די שטײנער אויפן זאַמד.

.2

כ׳שפּרייט אויס די הענט איבער קאַלטע שטיינער אין דער נאַכט
און זע: יידן גרויען, וואָגלענדיק מיט שטומע פּנימער —
ביי די זייטן גייען דאַרע, מידע שאָף, און וויינען ווי די יידן...
כ׳גראָב טיפער איין מיין צאָרנדיק געוויין אין ווייסן שוים, אין טיפן זאַמד,
און דערפיל נאָך טרויעריקער דעם בראָך פון וואָגלענדיקן לאַנד.

זיי לאָזן זיך אַראָפּ מיט טאָרבעס צו דער ערד,
און צינדן דאַרע צווייגן אין רויטע פייערן ביים ים,
די שאָף לאָזן אַראָפּ די ווייסע העלדזער, די אומעטיקע קעפּ
און לאָזן דאָס ברוינקייט פון זייערע אויגן
מיטן ליכט פון רויט־וואַסערדיקן פלאַם.

איצט ציט זיך טיף דאָס וואַסער, טיפער ציט די נאַכט:
די נאַכט וועט איינדעקן די יידן, אויסקעמען די שאָף,
פון שטילן הונגער און פון וואַנדערדיקן וואָגל
אַריבערטראָגן זיי און איינוויגן אין שלאָף.

.3

כ׳מאַך אויף די אויגן צו און טראַג זיך אין דער ווייט,
אַהין, וואו ס׳פאַלט אַ רעגן איצט און מאַכט נאָך האַרבסטיקער די שטאָט.
אין רעגן וועל איך אַזוי גיין מיט מיינע קינדערישע טעג —
וואו ס׳טראָגט דער הימל נידעריק און אַשיק אַ וואָלקן וואו אַוועק.

כ׳וועל עפענען אַן אַלט־קאָלירטע טיר, איבער אַ הילצערנער שוועל —
די מאַמע וועט מאַכן היימישער די שטוב מיטן שמייכל וואָס גלעט,
אינדרויסן וועט פאַלן דער רעגן אויף געזימסן פון נידעריקע פענצטער,
און איך וועל פאַלן מיד אַזוי אין בעט.

דער טאַטע וועט אַריינקומען טרויעריק מיט אַ פּנים פון פרעמדע שטעט:
פון טרויעריקן מויל וועלן פאַלן רייד, ווי פון די נאַסע קליידער די
טראָפּנס.
ער וועט אַריבערלייגן זיין ווייסע באָרד איבער מיין קינדערישער בעט,
און זיין גאַנצע ווייטע בענקשאַפט לייגן מיר צוקאָפּנס...

ער וועט דערציילן פון גרויסע שטעט,
פון לאַנגע אָוונטן מיט קינדער ביי טונקעלע ספרים:
זיינע רייד וועלן אין פינצטערניש פאַלן אין דער נאַכט צו מיין בעט —
און צום טונקעלן פייער פון לאָמפּ וואָס גייט אויס:
אַז מען שלאָגט נאָך אַלץ יידן אין דער גרויסער וועלט,
און מען יאָגט זיי פון אַלע שטעט אַרויס.

דערנאָך וועל איך אָפּגיין מיט צוויי שורות הילצערנע חורבות,
דער רויטער פרימאָרגן איבער אונדז וועט פלאַקערן טרויעריק, שיין —
די זשאַווערדיקע דעכער וועלן רינען מיט האַרבסטיקן געפּל
און נאָכגיין מיט שטאָטיש געוויין.

.4

איך וועל זיך אַראָפּלאָזן מיט ציטערדיקע קני אין געבעט צו אַ
פּאַרוואָקסענעם שטיין,
און זען דעם אָפּענעם טאָג, דאָס געדריי פון בלעטער אַרום אַ בערגל ערד.
גאָט וועט אַרויספירן פון בערגל ערד צום אָפּענעם טאָג
אַ מענטש אין מיין טאַטנס געשטאַלט,
מיט אַ שטעקן אין האַנט, אַ טאָרבע גרוי, ווי די וועלט אַזוי אַלט...

אים אַוועקשטעלן מיטן פּנים צו די ווינטיקע וואָלקנס.
מיינע ליפּן וועלן שעפּטשען לויטערדיק ריין:
זיידע אין מיין טאַטנס געשטאַלט,
נישט גיי מיטן פאַרנאַכט אַהין וואו די וואָלקנס גייען.
איך וועל ניט וויסן, אַז איך שטאַמל קעגן זיך, קעגן גאָט,
און וועל מיט קינדערישער לויטערקייט פאַלן אויפן שטומען שטיין.

וועט גאָט ווידער בלינד מאַכן דעם טאָג און אַרויספירן די נאַכט,
און ס'וועט אַ מענטש אין מיין זיידנס געשטאַלט מיין פּנים באַרירן,
זון מיינער, ביסט נאָך שטאַמל, ביסט נאָך קינד, —
אַהין, וואו די וואַנדער־וואָלקנס גייען, מוזן מיר אַלע זיך לאָזן פירן.

וועל אויך איך טרויעריק איבער דער וועלט אָן לשון גיין,
טאַפּן די ערד מיט אַ שטעקן, ווי אַ בלינדער,
וועל הערן דאָס וויינען פון הייזעריקע שיפן,
ווי דאָס וויינען פון מיין אומה, און פון שאָף און רינדער.

## פייערן

אין אַלע הייזער, אין אַלע שויבן ברענען שוין פייערן.
די היילקסטע מינוטן ציטערן אַריין אין שפּעטער שעה.
מיין בענקשאַפט ציטערט אויך אַריין אין אָוונט,
און אינעם ברענען בין איך אויכעט דאָ.

איצטער ווערט מיין טרויער ברענענדיקער, פולער.
אין טיפער נאַכט זינקט אַריין מיין לעצטער טראָט.
אָ, זאָלן לאָמפּן זיך אַ ברעך טאָן און צעפּלאַצן
און פאַרפינצטערן אין טרויער די גאַנצע שטאָט.

דורך אַלע פענצטער זאָלן אויפלויכטן אונדזערע לייבער
און ברענען ווי רויט־האָריקע פעלן אין אייביקן צאָרן.
ס'איז ניט קיין געשריי אַזאַ דורך פינצטערע שויבן,
ס'איז אַ יאָמער פון דורות, — דורך טויזנטער יאָרן.

פאַרוואָס מיר זיינען נאָך אַלץ געבליבן בלודנע —
שטיין אַזוי, אין אייביקן געבעט, אויף די קני,
מיר, די אייביקע, בעטנדיקע בעטלער, גאָט, —
וואָס זוכן דיך איבער דער וועלט, אינעם ליכט פון יעדן אינדערפרי.

דיך זוכנדיק, — הילן מיר זיך אין טליתים.
בינדן אונדזערע הייסע הענט, די צעקנייטשטע שטערנס אין תפילין.
מיר הערן נאָך פונעם חרוב געוואָרענעם בית־המקדש —
פון די לוויים דאָס שיינע טרויעריקע שפּילן.

איצט שרייען מיר ווידער צו דיר דורך נאַכטיקע פייערן
און ברענען ווי אַלט־ירושלים אין ווייטן אַמאָל.
די לבנה אין איר ליכט, גייט דורך די שוואַרצסטע וואָלקנס
און פאַרגיסט אויך איר שיין אינעם פינצטערסטן טאָל . . .

כאָטש איך וויים, איך וויים, אַז ניט סתם אַזוי גייט די לבנה,
נאָר ס׳איז אין איר דויער אַ טיפערער זין פאַראַן.
איבער וויסטע פעלדער, אין אונדזער אָנהייב־וואָגל —
שוין האָט לבנה צוזאַמענגעגאָסן זיך מיט אונדזער ערשטן שפּאַן.

איצט איז נאַכט. טיפסטע, שפּעטסטע נאַכט —
און מיך, דעם שרייענדיקן, שלינגט זי מיט אַלע קולות איין.
די נאַכט האָט פייער, די נאַכט האָט פלאַמען
און איך ברען אויך אין איר אַריין.

# אָ, נאָענטע ערד

.1

עס נעפּלט דאָס פעלד אין שפּעטן אָוונט־ליכט.
צו דער ערד קלאָגט די חיה אין עלנט געוואָי.
אין טיפן נעפּל מיין קאָפּ אַריינגעבויגן —
אָ, נאָענטע ערד, ניט איין מאָל קלאָג איך אויך אַזוי.

מיין וועלט איז איצטער אויך אין שפּעטן אָוונט, אין גרויען נעפּל.
און ווי דאָס פאַלן פון בלעטער, וואָס גיבן זיך אַוועק צום ווינט, —
מיר בלייבן נאַקעטע ביימער פאַר רעגנס און שטורעמס.
ס'איז טרויעריק, קאַלט און האַרבסטיק אויך ביי אונדז אַצינד.

אָ, וואָס־זשע קלאָגסטו, בייזע חיה?
אין טיפקייט שוין אַוועק איז האַלבע נאַכט.
שוידערסט אויף, שאָקלסט אָפּ די פייכטקייט פון דיין פעל.
נעם אַרום מיך, — לייג דיין לאַפּע אויף מיין האַלדז,
איך האָב אויך ווי דו קיין היים, קיין שוועל.

לאָמיר ביידע אַזוי זיך טיפער איינגראָבן אין גרוב,
און אויפגיין איבער אונדז וועט דאָס קראַנקע ליכט.
מיר האָבן דאָך די זעלבע אויגן, די זעלבע פיס —
און אויך דאָס שטום און טרויעריק געזיכט.

.2

אין פריען בלוי טראָגט זיך אום דער שניי,
און ס׳לויכטן אויף דיביימער, ס׳עפנט זיך דער וואַלד.
שניידיק יאָגט אַ ווינט אָן פון די קאַלטע בערג,
אַ ווינט וואָס איז שוין מיד פון וואָיען, פון יאָגן — אַלט.

אָט דאָ איז גוט אַזוי. היימלעכער צו זיין.
צו זען ווי אַלץ באַשאַפט זיך און אין שטילקייט רוט.
אויפן שליאַך קיין טריט צו זען,
אויפן קלאָרן שניי קיין טראָפּנס בלוט.

אָ, קוק אין ווייטקייט, שטומע חיה, זע, אַ שטאָט, —
מענטשן אין הייזער וויינען; ס׳הענגען איבער זיי די קייטן.
זע ווי ס׳ציען אויס זיך זייערע דאַרע העלדזער
און טוען זיך פאַר מעסערס, פאַר העק שוין גרייטן.

ס׳ציטערט אויף די חיה, טוט אין בייזקייט אַ שפרונג,
אין טיפקייט פון וואַלד, אויגן צעצונדן אין פלאַמען —
אָ, אור־וואַלד, אָ, שניי, שפּורן פון וועלפישע טריט
אין פראָסטיקן טאָג, — איר דערמאָנט מיך פון וואַנען מיר שטאַמען.

כ׳לאָז זיך אַראָפּ אין פאַרנאַכט צום וואַלד
און הער ווידער דורך דער נאַכטיקער ערד ס׳קלאָגן.
אָ, עלנטער וואָלף, ס׳האָט דער טאָג זיך צעשיידט.
די נאַכט האָט אין ווייטקייט אונדזביידן פאַרטראָגן.

.3

די שטערן גרינען, ציטערן אויף שנייאיקע פעלדער.
גאָט רופט דעם מענטשן, זוכט אין שפּעטקייט די חיה.
גאָט, לאָז צוריק דעם טונקעלן ווינט אויף דער ערד,
ברענג אום די וועלט, באַשאַף זי ווידער אַ נייע.

אָ, גיב אונדז די גרויליקע נאַקעטקייט,
די חרפּה זיך צו ווייזן ווען דו וועסט אונדז רופן,
עס גייען איבער דער וועלט און רויבן די רויבער
און ווילן אויך דעם וועג צו דער אייביקייט פאַרלויפן...

נאָר איך הער שוין פון ווייטנס זיך פאָרען —
דאָס צוזאַמענשלאָגן ס'געהילץ פונעם וואַלד.
אָ, וואָלף, גיב אַ בריל אין דער חרובער ווייסקייט,
קריך אַריין אין דער תיבה אין דיין גאַנצן געגרוי.
די נאַכט שוין פאַרלוירן, ס'וועט דער טאָג דורכן וואַלד מער ניט קומען,
ווייל גאָטס בייזקייט איז שטום און זיין רצון איז אַזוי.

פאַל איך אויך אַראָפּ אין געבעט אונטער די נאַכטיקע וואָלקנס
און פיל דעם ווינט וואָס גייט דורך דער ערד.
דער וואַלד רוישט מיט בלעטער און רוישט מיט רעגן
און אויגן פאַלן צו, לעשן זיך פאַרטערט.

# פון מיין היים

יעטע און משה סאַיעטען

.1

טרויעריק, קינדעריש לעבן —
דו גייסט פאַר מיר אויף איצטער ווידער,
דער ווינט איז אויף ערד שוין אַנטשוויגן,
און ס'טונקלט דער אָוונט איבער שנייאיקע גריבער.

איבערן הימל אין גרויקייט די וואָלקנס,
אין וויטן, אין קנויליקן דריי.
און איך צווישן ערד און וואָלקנס
בין אויך אין עלנט אַזוי.

אַלע טייכן מיט אייז פאַרקאָוועט,
נאַכט אין קאַלטקייט קומט אָן,
איבער וועלדער שמאָלע פאַסן
פון רויט־פאַרזונקענער זון.

די ווייטקייטן ווערן לענגער.
ברייטער די פעלדער.
פּראָסטיקע ווייסקייט אין לופט גיט אַ ציטער,
נאָר אַלץ אַזוי אָפן,
ס'בלייבט טרויעריק אָפן,
מיין האַרץ פאַרשלאָסן אין וואַלדיק געוויטער.

אין וואַלדיק געוויטער
צו גאָט טו איך תפילה.
כ'בין אויך איצט אין אָוונט
פורעם און הילע.

כ'נעם צונויף אויף פעלדער
אין בלויקייט די פאַרבן. —
צווישן אייביק געבורט
און אייביקן שטאַרבן.

.2

נאַכט. שניי פֿאַרדעקט האָט אַלע וועגן.
צווייגן ציטערן אויף אין קלאָרן בלענד.
אַ שניי אַזאַ איז אויך אַמאָל געלעגן,
ווען טאַטע האָט צום פֿעלד געטראָגן
זיין טויטן זון אויף דאָרע ווייסע הענט.

אָ, געבויגענער טאַטע ביים קינדערישן קבר,
דיין קאָפּ גרוי, פֿון דיינע אויגן טרערן גייען.
דער שניי אין ווייסקייט דורך נאַכט
וועט אַליין שוין פֿאַרדעקן דאָס פֿעלד, דעם שטיין.

טאַטע איז פֿון בית־הקברות צוריקגעקומען
מיט אַ רויט לאַמטערן און שטיוול שניי.
ביים געפֿרוירענעם פֿענצטער אַ צאַנקענדיק ליכט,
און וויסטער טרויער אויף ליידיקע בעטן צוויי.

שפּעט ביינאַכט.
דער טאַטע אין ווינקל, אין צער אין שטומען:
גאָט, האָסט אין זעלבן טאָג אים מיר געגעבן,
ווען דו האָסט די מאַמע זיינע צוגענומען.

.3

אין באַגינענדיקן ליכט טאַטע האָט אָפּגעדאַוונט,
איינגעפּאַקט אַ זאַק אַ פולן.
אין וועג זיך געגרייט —
מיט שטעקן אין האַנט, מיט טלית און תפילין.

אין שטוב געגעבן אַ לעצטן בליק,
שטיל געעפנט די טיר.
צוויי פּאָר טרויעריקע אויגן האָבן אים נאָכגעקוקט,
פון אונטערן צודעק אַ פיר...

ער איז אַוועק אין פרעמדער שטאָט
פאַר אָרעמע קינדער אַ מלמד ווערן.
זיין באָרד האָט אין צער געגרויט
און איינגעזאַפּט אין זיך די טרערן.

דער טאָג האָט דאָס שטעטל פאַרגרויט
אין בענקענדיק ליכט. —
טאַטע, וואָס דו האָסט פאַרלוירן —
האָבן מיר, דיינע יורשים, געזוכט. —

נאָר קברים זיינען שוין טיף אין ווינטער,
און מאַמעס שטיין — דער גרעסטער.
ווען מיר זיך שפּילן מיט זייערע שטיינער,
מיין קליינע, פאַריתומטע שוועסטער.

.4

פרייטיק־צו־נאַכט. שבתדיקע ליכט דורך די פענצטער.
שטיינערנע גאַסן פלעמלען אין הייליקן רויט:
גוטע מענטשן, עפנט אויף די טירן,
שענקט אַ שטיקל חלה, אַ שטיקל ברויט.

נאָר הינטער פענצטער איז ליכטיק און וואַרעם,
אויף טירן — שניי און שלעסער.
איבערן הימל די פולע לבנה
פאַרקיילעכט זיך רונדער און גרעסער.

און ס'שרעקן אין ווייטקייט די שאָטנס,
זיי ציען אין האַרץ אַזוי באַנג.
אָ, גרויסער, הייליקער שבת
פון קידוש, חלה און געזאַנג.

# פון רויטן מויער*)

רויטע קופערנע גלאָקן אין טונקעלן פאַרנאַכט —
מיין קינדהייט דורכגענעצט פון רעגן.
מיינע טריט צווישן קאַשטן־ביימער ברוינע
ציטערן נאָך נאַכטיק אויף די וועגן.

1.

שטיל און טרויעריק טוליעט זיך דער ווינט צו זייערע קינדערישע פנימער,
זייערע פיס זיינען אַנגעשוואָלן פון גיין דורך שטיינער און רעגן:
נאַסע ווינטן ברענגען זיי ריחות פון ביימער און פרישע קברים,
און נעכט שרעקן זיי מיט פחד פון ווייטע וועגן.

אין נעכט זעצן זיי זיך אויס אויף שטיינערנע טרעפ,
שלאָפן איין מיט פאַרלייגטע קעפּלעך אויף טונקעלע מויערן:
ס׳חלומט זיך זיי, ווי זיי שפּילן זיך הינטער ווינטיקע שטעט
מיט גאָלדענעם זאַמד ביי בית־עולמדיקע טויערן.

אין רעגנדיקע נעכט ציטערן זיי אויף,
ווען נאַסע דעכער קלינגען מיט ווינט:
ס׳לויפן גיך זייערע דינע בלוטן —
וואָס אין זייערע אָדערן ווייגט אַזוי און רינט.

ווען פון טונקעלע ראָגן שיילן זיך באַגינענס,
גייען זיי אָפּ אויף שמאָלע וועגן צו פרעמדע מאַמעס.
דער ווינט האָט דורכגעטונקלט פלאַטערדיק די ערד
איבער לאַנגע, ברייטע פעלדער, הינטער רויטן מויער. —

*) יתומים־הויז וואו איך האָב פאַרבראַכט מיין קינדהייט.

.2

הינטער שטאָט און הינטער וואַלד —
גרויסער רויטער מויער,
און הינטער מויער —
ווינט און טרויער וויינט.

אין דעם מויער אַ גרויסער ווייסער זאַל
מיט קינדערישע בעטן,
שלאָפן אַלע אויף וואַרעמע געלעגערס,
און אויף ליפּן זייערע, גאָט, אָ, וויפיל צער...

רעדן זיי פון שלאָף,
און איינער ציט די בלייכע הענטלעך אויס,
שטופּט זיי אין דער שוואַרצער נאַכט אַריין
און וויינט —
„מאַמינקע, מאַ, פּאַפּינקע, פּאַ" —
און דער ווינט הינטערן פענצטער וויינט אויך...

.3

קומען מאַמעס אין רעגנדיקע נעכט,
ברענגען ווייסע פרייד צוטראָגן,
און לערנען מיט קינדער
נאָך זיך, און נאָך טאַטעס קדיש זאָגן.

ווייַנען יונגע מאַמעס, —
אַז לאַנג און בלאַטיק זייַנען וועגן,
און לענגער נאָך — די רעגנדיקע נעכט,
און יעדע מאַמע וויגט איין איר קינד
מיט טרויער פונעם קאַלטן ווינט.

.4

אָ, היים, מייַן גוטע, גוטע היים,
צווישן דייַנע וואַרעמע געלעגערס
האָט אויך אַמאָל מייַן קינדער־גוף גערוט.
צווישן דייַנע וואַרעמע געלעגערס
האָט אויך געוויינט אין מיר אַמאָל מייַן בלוט.

.5

נאָענט צום רויטן מויער —
וואַלדיקער געררויש
דורך בלעטער און דורך צווייגן. —
אָ, קינדערלעך אָרעמע —
דורך דינעם רעגן וויינט צום וואַלד
אייער יתומדיק שווייגן.

און דורך קליינע פענצטערלעך,
צום טונקעלן שליאַך
קוקן קינדער־אויגן.
אָ, קינדערלעך אָרעמע —
ס׳האָט אָוונט פול מיט בענקשאַפט
דורך שמאָלן וועג,
ווי דורך אַ שטריק זיך דורכגעצויגן.

.6

גייען קינדער צום קליינעם שטעטעלע,
גייען וואָלקנס מיט מיט זיי —
און פעלדער גייען וויינענדיק און נאַקעט.

קומען קינדער אָן צום שטעטעלע,
קומט אויך מיט זיי דער האַרבסט
און דער וויינענדיקער רעגן.

אָ, קינדערלעך, קינדערלעך
ביים קליינעם שטעטעלע, —
די גלעקער זינגען שוין
צום ברוינעם האַרבסט.

.7

געלאָפֿן איז דער וועג איינגעדאַרט און לאַנג,
און מיט זיך געטראָגן ערשטע ביסלעך שניי —
ווי ס'לויפֿט דער איינגעדאַרטער וואָלף פֿון וואַלד
און טראָגט מיט זיך זיין הונגעריק געשריי.

קלאַפּט דער ווינט מיט קעלט
אין די טירן פֿונעם רויטן מויער, —
האָבן קינדער אַ ווייסן חלום דורך דער נאַכט געטראָגן,
און אים פֿאַרלוירן אויף פֿעלדער אין זילבערדיקן טרויער.

# מיין קינדערישע היים

.1

עס וואַרטן אָפּענע די פֿענצטער פֿון מיין קינדערישער היים,
ס׳זאָל דער וואַנדער־וואָגלער פֿונעם ווייטן וועג אָנקומען.
טרויעריק פֿאַרבלישטשעט די לבנה אויפֿן ווייסן שניי.
און דער מידער וואַנדערער האָט דעם טרויער און דאָס ליכט
אין ווייטן וועג טיף אין זיך אַריינגענומען.

בין איך, דער וואַנדערער, אָנגעקומען.
שניי אויף מיינע קליידער, שניי אויף מיינע שיך,
טונקעלן אומעט פֿון פֿייגל איבער ווינטערדיקע פֿעלדער
האָב איך אין מיינע אויגן, היים מיינע, געבראַכט מיט זיך.

מיט פֿיבערדיקע ליפּן באַרירן דיינע קאַלטע ווענט.
און אַלע שטיינער וועלן דערפֿילן מיין אויסגעצערט לייב,
דורך מיינע פֿיס — די בענקשאַפֿט פֿון דער פֿרעמד.

.2

עס וואַרטן אָפֿענע די פֿענצטער פֿון מיין היים.
און ס'עפֿנט זיך די טיר. קינדער אויף ווייסע בעטן. —
ווייס ליכט פֿון לבנה דורך שויבן
לייגט זיך חלפֿדיק אויף קינדערישע העלדזער.
איך לייג זיך אויך און רו אין קינדערישער בעט,
וואָס שטייט נאָך ווייס און ריין פֿאַרדעקט.

דער ווינט אַרום דעם הויז ווײנט נאָך איצט אַריין אין מיר:
האָסט קיין טאַטן, האָסט קיין מאַמען,
און אפֿשר האָט דיך ווער אָוועקגעוואָרפֿן אויפֿן שניי,
מען זאָל דיין ווייטיק און דיין בראָך דערהערן. — —
אַרום הויז די טויטע טאַטע־מאַמע, אין ווינטיקן געפֿילדער,
יאָמערן אין קאַלטע רינענדיקע טרערן.

אינדערפֿרי איז אָנגעקומען פֿון אַ ווינטער־שטאָט אַ בריוו —
אויסגעצירקלט פֿון אַ מיידלערישער האַנט, מיט טרויעריקן כתב:
„ליבער ברודער, אונדזער טאַטע האָט געהייסן יצחק, די מאַמע — לאה,
און קדיש זאָלסטו זאָגן דעם לעצטן טאָג אין פּסח,
ווען ס'לאָזט די זון זיך באַנג און נידעריק אַראָפּ
און ס'הילט די ערד אין שאָטנס אײַן די שטאָט".
אָ, פֿאַרוואָס האָסטו אין מיר אַזויפֿיל פּיין אַריינגעפֿורעמט,
פֿאַרוואָס, טרויעריקער גאָט?

3.

אינדרויסן פאַר די פענצטער פאַרווייעט דיק און ווייך דער שניי,
און ס'דרייען פעלדער זיך אַליין שוין, — וואָיען אין זאַווי.
און קינדער, אויסגעזעצטע אינעם זאַל, אין אַ ראָד אַזוי.
דער לערער יוסף מיט די בלויע אויגן איז שוין אַלט און גרוי. — — —
און איך, ווי קום איך דאָ אַריין? כ'בין פינפאונצוואַנציק יאָר שוין אַלט,
און קינדער זינגען נאָך, און זיינען אַלץ נאָך קליין.
כ'שטום אַריין אין פרייד, אין צער, און פרעג ביי זיך אַליין:
ווי זאָל איך כאָטש אין שטומקייט זיך אַליין פאַרשטיין?

ס'פאַלט דיק און ווייך דער שניי פאַר די שויבן פון די פענצטער.
און מיטאַמאָל — שטיינער דורך די פענצטער, שויבן פאַלן אויס.
ביילים! זשיד! — — און קאַלטער ווינט אַריין — אַרויס. —
און רעדער זינקען טיף אין שניי, שלעפּן זיך צו פּויליש ווייטע דערפער,
און לאָזן אונדז דאָ איבער פאַרגאָסענע אין בלוט.
און ס'קלינגען אָפּ פון ווייטנס די פּויערישע ווערטער צווי: —
ביילים! זשיד!
און ווידער שטיל, און ווידער שטום דאָס בלוטיק־וויסטע ליד.

ס'וואַרטן אָפענע די פענצטער פון מיין חרוב־קינדערישער היים
עס זאָל דער וואַנדער־וואָגלער פונעם ווייטן וועג אָנקומען.
טרויעריק פאַרבלישטשעט די לבנה אויף ווייסן שניי.
און איך, דער מידער וואַנדערער, האָב דעם טרויער און דאָס ליכט —
מיין היים, אויף אייביק טיף אין זיך אַריינגענומען.

# שנייאיקער טאָג

.1

קאַלט־געפֿרוירענער הימל, — אין בלויקייט
דורך מיין פֿענצטער הייבסט שוין אָן צו טאָגן.
אין צעריסענע קליידער, דורך צעבראָכענע שטיגן —
פֿריער מאָרגן, צו דיר טו איך זיך טראָגן.

מיינע ליבע שכנים נאָך אין טיפֿן שלאָף פֿאַרזינקען,
דורך ווענט און טרעפּ זייערע הערצער שלאָגן.
אָ, שכנים, גוטע ליבע שכנים —
לאָמיר אין וויסטן טרויער גוט־מאָרגן זיך שוין זאָגן.

אינדרויסן די פֿולע לבנה שיילט זיך אין פֿאַרגיין,
ווייס דער שניי איבער טירן און שוועלן.
אָרעמע צעפּאַלענע גאַסן אין נויט —
לאָמיר אויך אין פֿריקייט, אין ליכטיקייט אויפֿהעלן.

כ׳וועל אַ גאַנצן טאָג אַזוי אַרומקריכן אין שניי, אין קעלט,
פֿאַרנאַכט אַהיימקומען אַ הונגעריקער און געפֿרוירן.
אָ, באַלעבאָסטע, גוטע באַלעבאָסטע, עפֿנט מיר די טיר!
כ׳האָב אינעם פֿראָסט, אינעם שניי אַזוי מיין טאָג פֿאַרלוירן.

פֿאַר לעצטע פֿענעס איינגעקויפֿט דאָס אַלטסטע שטיקל ברויט,
מיט ציין און באַק אויף טיש, זופּ איך צו דאָס לעצטע ביסל טיי.
ווינט אויף בלויע שויבן, אָ, שטורעם —
דעקט מיך אויבעט צו און נעמט אַריין מיך אין געדריי.

.2

אין פריען אָוונט זעט אויס מיין גאַס בלויער ווי באַגינען.
ס'ציט דורך אַ לוויה. קינדער קוקן טרויעריקע דורך שויבן
און גרויסע מענטשן קוקן אַוועק און שטומען,
בעטן עפּעס און הייבן אויף די הענט צום אויבן.

לוויה, דו דערמאָנסט מיך אין מיין היימיש קליינעם שטעטל.
ווינטער פּאַרנאַכט. אַ גרויסער שניי. אינעם שניי אַ רויטער וואָגן.
אָ, וואָס גייען נאָך די מענטשן דאָ אַזוי פון שטעטל און זיי קלאָגן?
און איך, אַ קינד — גיי נאָך נאָך רויטער לאַמטערן.
אָ, טאַטע אינעם וואָגן, זאָג, וואָס פאַר אַ שפּיל איז דאָס —
וואָס מענטשן גייען אָפּ פון שטעטל און פאַרגיסן זיך אין טרערן.

גאַסן, איר דערמאָנט מיך אין מיין טאַטנס ווינטערדיקער לוויה.
כ'לויף אַזוי אַרום אין שטעטל און שטיק אין זיך די טרערן.
עמעץ אין דער אַלטער שול זאָגט אין ווינקל מיט מיר דעם קדיש.
דריק איך מיינע פויסטן די קינדערישע צוזאַמען —
גאָט, וואָס וועט איצטער פון מיר ווערן?

אָ, לוויה, פון דער אָרעמער שטוב דער איסט־בראָדווייער,
דו דערמאָנסט מיר אין מיין קינדערישער יתומים־היים;
אַ רויטער גרויסער מויער פאַרקלאַפּט אויף שווערע טירן,
ווייטע פּייערים פאָרן אָפּ צו דערפער פּוילישע אויף פירן,
און מיר, קינדער צווישן גוים —
טראָגן אָפּ אַ קינד אַ טויטס פון רויטן מויער,
אין אַזאַ פאַרנאַכט —
קאָן אפילו גאָט אויפגעגעסן ווע־ן פונעם טרויער.

.3

איצט, דאָ, אין דער נאַסער שטוב, דער אומעטיקער,
אַ שפּעטער נאַכט־לאָמפּ צינדט דאָס געלע ליכט אויף קאַלטע ווענט.
די פרוי פון הויז האָט אויף דעם מאַן, די קינדער דריי פאַרלוירן, —
קוקט זי אויפן בילד און ס'ציטערן אין טרערן אירע ווייסע הענט.

איך צינד אויף דעם לאָמפּ, ברענען זאָל אין נאַכט מיין פּיין.
דעק זיך אינעם ווייסן צודעק איבער און שטום אין זיך אַריין
און ווייס, אַז דאָס לעבן איז גרוי און טיף ווי וואַסער, —
דאָס וואַסער שלאָגט און ציט אין די גרוילסטע פאַרבן:
מענטשן אויף דער ערד, מענטשן אין די טיפסטע גרונטן,
צוזאַמען מיט די ווערים מוזן מיר פוילן און שטאַרבן.

די נאַכט פאַרלעשט דעם לאָמפּ; ווינטער, קעלט אויף שויבן.
אַ, שטורעם פונעם וואַלד, שטילסט דאָך אויך זיך אַמאָל איין —
ווי ווילד דער געוויטער זאָל ניט זיין, ווי גרויס —
אַ, האַרץ מיינס, שטיל־זשע אויך זיך אַמאָל איין
און גיי שוין אויך אַמאָל פון טרויער, פון פּיין אַרויס.

# איבער שטיינערנע גאַסן

.1

טרויעריק־שיין דערברענט די שקיעהדיקע זון
אויף די אָונטיקע ביימער.
פייגל באַוועגן זיך שווער נאָענט צו דער ערד
און טונקלען צווישן מנחה־מערב.

זעלנער דורך דער שטאָט איילן דורך
מיט וועגענער און צוגעבונדענע אָקסן, —
פון קאָכיקע קעסלען ציט דעמפּיקע פּאַרע
פון געקעכצן און פאַרברענטע קאַווע.
אויף וועגענער ציטערן מעסערס,
פּיקעס בלאַנקען שאַרף, טרויעריק אין דער שקיעהדיקער זון.

יידן געבויגענע גייען צו מנחה, גייען צו מערב.
פון וועגענער שפּרינגען זעלנער. —
בייטשן שווישטשען, מעסערס בלוטיקן אין הענט,
מעסערס מיט זון שניידן בערד, צעבלוטיקן בלאַסע געזיכטער.
יידן ביי שטאָטישע הייזער פאַלן טונקל
צווישן מנחה־מערב — הייליק צו גאָט...

.2

איבער שטיינערנע גאַסן ליגן אָקסן געבונדענע,
שאַרפע העק פאַלן בלוטיק איבער העלדזער.
אָקסן רעווען און יאָגן אָפּ מיט שטראָמען בלוט.
זעלנער מיט פאַרבלוטיקטע הענט
וואַרפן שטיקער פלייש אין זודיקע קעסלען,
די נאַכט טראָגט זיך ווינטיק, טיף
אין חיה׳ש געשריי מיט ריחות פון בלוט.

רייטער האָבן די פערד צעשפּאַנט,
אָנגעבונדן זיי ביי שטאָטישע פלומפּן און קלעצער,
פאַרוואָרפן אויף פערדישע רוקנס שטיקער בלויע געוואַנטן,
פערד האָבן מיט פאַדקאָוועס געקאָפּעט די שטיינער
און זיי צעצונדן אין פייערן.

.3

זעלנער איבער שטאָטישע סעדער גייען אום ווילד:
זייערע אויגן גרינען הינטער גלאַנציקע דאַשקעס,
פלינקע הענט פאָכן מיט שאַרפע שווערדן אין דער לופטן, —
שניידן קאָרעס פון יונג צעגרינטע ביימער,
עפל פאַלן נישט־דערצייטיקע צו דער ערד.

דער טאָג שפּאַרט מיט ליכט
דורך געדיכטע ביימער צו דער ערד.
זעלנערישע שטיוול פייכטן מיט גראָזיקער ראָסע:
מיט פלינקע פיס קלעטערן זיי אויף ביימער,
און לערנען זיך שיסן אויף אַ מענטש,
וואָס גייט איבער אַ ווייטער לאָנקע
אָנגעלאָדן מיט אויבסן צו אַ ווייטן שטאָטישן מאַרק.

פאַרנאַכט,
ווען בלעטער פון ביימער ווערן דיקער, גרינער, —
צעלויפן זיי זיך צו הינטער־שטאָטישע באַנען,
און טראָגן זיך מיט זעלנערישע געזאַנגען
איבער פרעמדע, ווייטע שטעט אַוועק...

.4

געלבלעך־ברודיקע שויבן פֿאַרציען זיך מיט באַגינענדיקן נעפּל.
וויגן אויף שטריק הענגען אַראָפּ מיט אָנגעשוואָלענע קינדער.
טאַטעס אונטער טיכער, כאַלאַטן,
טראָגן קינדער נאָענט צום האַרץ און ווייט צו קברים.
כאַלאַטן רייסן זיך מיט טיפֿע ריסן ווייטיקדיק אין קריעה,
און מאַמעס פֿון די בעטן קוקן יונג און קראַנק דורך פֿענצטער:
אויף רויע פֿעלדער שטאַרבט דער האַרבסט
און ס'שטאַרבן זייערע אויגן.

פֿאַרנאַכט עפֿענען זיך טירן פֿון הינטערשטע הייזער.
ווינטן פֿון ווייטע פֿעלדער לעשן ליכט,
צעיאָגן שטרויען איבער פּוסטע שטובן.
אַ דאַרער ייד דעקט איבער דעם שפּיגל אין שוואַרצן.

אויף טהרה־ברעטער טראָגן נידעריקע יידן אַרויס איינגעוויקלטע
מתים, —
יידן מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן,
יידן וואָס שווייגן צו גאָט.

.5

שטיקער בלויקייט פון וואָלקנדיקן הימל.
שלאָגן אָפּ איבער נאַכטיק אַלטן טויער פון בית־עולם.
דורכן טויער — די טהרה־ברעט.
פון דער טהרה־ברעט אַ לייכטנדיקער לאַמטערן
צעוואַרפט ווייסן ליכט איבער קברותדיק פעלד.

די ערד איז ברייט, עפנט זיך מיט ליימיקע קברים,
גריבער לויפן אָן מיט וואַסערן,
שפּאַרן מיט נאַכט, מיט בלוטיקע שלאַנגען.
אַראָפּלאָזנדיקע מתים שאָטענען אָפּ,
ווי לעבעדיק, אויף שכנישע מצבות.

רידלען פאַרשאַרן די גריבער.
די ערד פאַלט נאַס, געדיכט, דעקט איין פנימער, הענט.
טונקל־ברוינע קוואָרטן גיסן אָפּ מיט וואַסער די נעגל...
און איבערן ווינטיקן, טיפן בית־עולם
טראָגט זיך אַ הייזעריק קדיש־זאָגן
פון אַ געבויגענעם ייד.

.6

גאָט האָט זיך באַהאַלטן אויפֿן הימל איבערן שטאָטישן וואַלד —
הינטער אַ רויט פֿאַרגייענדיקער זון...
יידן מיט אָפּגעשניטענע בערד דעקן אין טליתים זיך איין.
דורך די טונקעלע פענצטער פון בית־מדרש
גיסט זיך דאָס יום־טובדיקע ליכט איבער אָוונטיקע גאַסן.
זעלנער מיט הילצערנע פיס איילן צו כל־נדרי.
יונגע פרויען אין יום־טובדיקע קליידער
שטייען געבויגענע ביי ליכט און וויינען פאַר גאָט.

גאָט האָט פאַרכטיק געמאַכט די נאַכט,
אָפּגעווישט פון דער ערד דאָס בלוט
און צעהאַנגען אַ בלויען הימל —
אַ גרויסע לבנה צו באַלייכטן די ערד.

# אין שטאָט אין פרעמדער

.1

ס'איז געווען אַ טונקל אָוונטיקער רעגן.
אַן אָוונט ווען ס'צינדן פייערן זיך טרויעריקע אין אַספּאַלט.
ווען בלינדע מויערן פאַרשליסן זיך נאָך טיפער אויף די שלעסער
און אומהיימלעך ווערט אַזוי, ווינטיק, קאַלט.

בין איך אין ווינט, אין שטאָט אין פרעמדער אָנגעקומען,
געבליבן ביי טירן, ביי פענצטער ליכטיקע אַזוי שטיין,
האָב געזען אין רעגן מיין עלנט און מיין טרויער
אין טונקלקייט פון פאַלן, אין אָוונטיקן גיין.

האָט די בענקשאַפט מיך אַ צי געגעבן, אַרומגענומען,
צו מענטשן פרעמדע אויסגעצויגן מיינע הענט.
די מענטשן זיינען מיך פאַרבייגעגאַנגען —
און געבליבן בין איך שטיין אַזוי פאַרשעמט.

דער רעגן האָט געגראָבן, דורך נאַכט און ערד געגראָבן,
אין שטאָט אין גרויסער, ווי קאָן מען זיין נאָך אַזוי פרעמד?
בענקשאַפט מיינע — ווי מיט פייער דורכגענומען,
דורך וואָגל מיך פאַרצערט, דאָס האַרץ מיר דורכגעברענט.

איז די שטאָט אין פינצטערניש אַריינגעזונקען,
און מיך געלאָזן פרעמד, אַליין.
האָט די ערד די גוטע מיך צו זיך אַראָפּגענומען, — אַזוי גערעדט:
— נו, וויין נישט, קינד, כ'דעק אפילו איין מיט נאַכט דעם שטיין.

.2

אין פריען ליכט זיך אויפגעהייבן,
דער רעגן האָט זיך איינגעשטילט.
רויטע שילדן איבער הייזער
האָבן זיך אין ווינט געשפּילט.

רויטע שילדן איבער הייזער,
ביי די טירן ברויט מיט מילך.
ס׳פאַלן פולע זעק מיט קוילן
פאַר די קעלערס מיט טעמפּ געהילך.

און מענטשן, מיט הענט מיט שווערע,
רוען אָפּ, און עסן ברויט.
און גרייטן אָן דורך נאַכט, דורך אַרבעט
אויוונס קוילן, גרויסע אויוונס רויט.

דערנאָכדעם, שווערע, פאַלן זיי אין בעטן
שווערער נאָך ווי נאַסע, פולע זעק.
כדי אין אָוונט ווידער טראָגן —
אויף זיך צו שלעפּן שווערע פּעק.

.3

איז דער ווינטער מיט די ווינטן אָנגעקומען,
די וועלט האָט טריב די טעג אין זיך אַריינגענומען.
שנייען האָבן אָנגעהייבן מיט געוואָי זיך טראָגן
און אין שטורעם מיך פאַרפייניקן, פאַריאָגן.

קיין ברויט צום עסן ניט געפונען.
פאַר אַרבעט צוגעמאַכט ווי פאַר שניי די טירן.
האָב איך אָנגעהייבן אין טיפן ווינטער, אין הוילע קליידער
אין מיינע טריט די איינזאַמע זיך פירן.

גוט איז איצטער דאָ זיך צו דערמאָנען,
זיצנדיק אין ליכט,ביים ווייסן בעט.
ס'איז אַ נאַכט הײנט פול מיט רעגן
און דעכער רוישן, — שפעט. שוין שפעט.

# אָן היימען

מיטן טונקעלן אָוונט קומען זיי אָן אין פּאַרקס,
ווען ס׳פאַלן פון צווייגן קופּערנע בלעטער,
און לאָזן זיך אַראָפּ אויפן שטיינערנעם ברוק
און זינקען אַריין אין נאַכט אין שפּעטער.

לויפט אַרום דער ווינט אַ האַרבסטיק־נאַסער,
טראָגט אַוועק מיט זיך זייערע שטאַמלענדיקע רייד,
זיי האָבן לאַנג שוין פאַרגעסן די זאַטקייט פון היימען,
און פון ווייסע בעטן די ווייכע שטילע פרייד.

מיטן מאָרגן־ליכט הייבן זיי זיך פון די שטיינער,
טאַפּן מיט די הענט די רויטע אָנגעגליטע ביילן,
און לאָזן זיך מיט נידעריקע הינטער־גאַסן,
אָפּגעריסענע, אין הונגעריקן איילן.

אַזוי קומען זיי אין פּאַרקס מיט האָריקע טשופּרינעס,
ווען ס׳פאַלן פון סוף־זומערדיקע צווייגן קופּערנע בלעטער,
און לאָזן זיך אַראָפּ אויפן שטיינערנעם ברוק,
און זינקען אַריין אין נאַכט אין שפּעטער.

# פראָסטיקער טאָג

דאָס לעבן בייסט מיט גרויע צוואַנגען.
עד, בלויאינקער באַגינען, פריידיקער שניי.
דאָס האַרץ, ווי מיט מעסערס דורכגעשטאָכן,
הוידעט זיך אין ווייטיקדיקן ווײ.

גאַסן אָרעמע, ס׳לעבן הפקרדיק,
טאָג געטרייער פירט אין ווינטערדיקן גאַנג.
ס׳ציט די בענקשאַפט פון שפיצן פינגער —
צום גאַפּל־מעסערדיק געקלאַנג.

שפּעטער אָוונט אויף דער ערד,
שניי און ווינט אויף אַלע צווייגן.
שטאַרקער ווי דער בלויער פראָסט
דראָעט דאָס שטילע שווייגן.

נאַכט געקומען.
וויקלען ווינטן זיך, ווי שטריק אַרום דער ערד,
און ס׳רייצט לבנה, ווי אַ דאָרפיש ברויט;
פון הונגער אויף דער וועלט —
איז זי אויך צאָרנדיק און רויט.

# אַ גרוס

אַ גרוס פון פרעמדן קאַלטן לאַנד,
וואו ס׳זיינען בערג איינגעדעקט מיט שניי,
און ס׳גייען וועלף מיט אויסגעדאַרטע פיס
לאַקערן אין ווינטערדיק געשריי.

אַ גרוס פון פרעמדן קאַלטן לאַנד,
וואו וואַרעמקייט פון כאַטע הילט דעם פויער איין,
און אַנגעצילט אין ווייטקייט איז זיין ביקס —
ווען ער קוקט אין ווייסער צפונדיקער שיין.

אַ גרוס פון פרעמדן קאַלטן לאַנד,
וואו ס׳שפּינט דער פישער זיין נעץ ביים פייערל פון קנויט,
און זינגט אַליין ביים ברעג פון ים —
ביים קאַלטן ים דאָס ליד פון ברויט.

אַ גרוס פון פרעמדן קאַלטן לאַנד,
וואו ס׳האָט די בלויקייט זיך אויף וואַלד און באַרג צעשפּרייט,
און ס׳חלומט זיך דעם יעגער פון פאַנג די ווילדע פרייד, —
די נאַכטיק, ווילדע פרייד.

## דאָרף

דאָרף —
אַ גאַנצן טאָג האָט מיין בענקשאַפט זיך צו דיר געטראָגן,
ווען כ'האָב דערהערט די רעדערדיקע רייד
פון אַ פאָרנדיקן וואָגן.

האָט מיין בלוט צו דיר
אַזוי זיך געצויגן —
ווען ס'האָט די גרויקייט מיך דערמאָנט
אינעם פויערס אומעטיקע אויגן.

# דין געוויין

פאַרנאַכט —
ס׳ציטערדיקע שעפּסעלע וויינט צו דער וועלט:
גיב מיר אָפּ מיין פּאַסטעך, דעם גרינעם בוים, דעם ווייסן שטיין. —
דער פויער אויפן ווינטערדיקן פעלד פאַרנעמט דאָס דין געוויין.

ליגט דער ווינט הינטער אַלע הייזער אין דאָרף
און דערציילט: נאַכט קומט אָן פרעמד און קאַלט: —
זיינען ביימלעך אויף געפרוירענע שויבן אַרויף, —
אַנטלויפנדיק פון וויטן וואַלד.

שטייט דער פויער מיט אויסגעדאַרטע הענט;
ס׳האָט שוואַרצע ערד ס׳בלוט אַרויסגעצויגן,
און איצטער זינקען זיינע גרויע, הונגעריקע אויגן.

— — — — — — — — — — —

באַנען פולע, שווערע, סאָפּען דורך דער נאַכט —
ס׳געשריי זאָגט אָן, אַז אַלע שייערן זיינען ליידיק אין דאָרף,
און רויטע שויבן טראָגן האַסטיק זיך פאַר חרפּה דורך.

**נאַכט.**
עס שלאָפט דער הונגעריקער פויער שוין אין שטוב,
עס ברענט דאָס לעצטע ביסל שטרוי אין אויוון רויט,
און ס׳ציטערדיקע שעפּסעלע וויינט נאָך אַלץ צו דער וועלט:
גיב מיר אָפּ, גיב מיר אָפּ מיין פּאַסטעך.

# ליד

ערד, ביזט מיר אַזוי באַשערט
אויף דיר צו לעבן.
בין איך אויף דיין פרייען פעלד געוואַקסן
צווישן ביימער דיינע יונג און שטאַרק,
ווי עס וואַקסט אין ווילדן סטעפּ דער באַרג.
ווי עס לויפט דער יונגער טייך און קוועלט.
אַזאַ שטילע וועלט —
צווישן הימל, ערד,
איז מיר אַזוי באַשערט.

# בעטלער

טרויעריקער בעטלער איבער וויגנדיקע ראָגן,
שלעפּסט אַרום זיך איבער גאַסן בלינד און גרוי.
איך פיר אויך אַרום מיין לעבן איבער גאַסן —
הפקרדיק און שטום, ווי דו אַזוי.

דערווינט צעיאָגט דעם ערשטן, פרישן שניי.
שפּילסטו אויס דיין פּיין אין ציטעריקן ליד,
און איך לייג אויך אין טרויער אויס דאָ מיינע סטראָפן,
ווי דו, אויף ראָגן, דיינע וויינענדיקע טריט.

איז אונדז גוט אין וויסטקייט זיך אַרומצושלעפּן
אין צעריסנקייט מיט זיך אַליין, —
ביז אין בלוט זיך טיפער איינצובייסן
אַוועקצואוואַרפן זיך ביזן לעצטן ביין.

דער ווינטער־הימל הילט זיך איין אין רויטע פלאַמען,
צינדט די ראָד, צעפלאַקערט און צעברענט:
כ׳וואָלט אַצינד דאָס ברענענדיקע האַרץ אַוועקגעטראָגן
אויף מיינע נאַקעטע און קאַלטע הענט.

איז וואונדערלעך אויף גאַסן רוישיקע זיך צו דערוויסן,
אַז עס וואַרט אַ שוועל, פענצטער און אַ טיר.
אָ, דאַרער בלינדער בעטלער, ס'איז גוט אַזוי צו פילן
אין דער אָוונטיקער קעלט אַ האַנט־באַריר.

און פאַר דעם וואָס האָט אין ערגעץ ניט קיין היים,
איז אויך די ווינטער־ערד פריש, ברוין און גוט.
ער טרינקט די נאַכט, — ציט אין מאָרגן זיך אַריין,
און טרינקט אַרויס פון אַלץ דאָס לעצטע ביסל בלוט.

אָ, מידער דאַרער בעטלער, ס'פאַלן לעצטע פענעס.
ס'צינדט די נאַכט שוין אַלע פייערן פאַר דיינע בלינדע אויגן.
איבער פראָסטיק־אומעטיקע גאַסן ברעכן זיך און וויינען אַלע טריט,
און ס'הייבן אָן שוין צו דער ערד קרעכצנדיקע קניען זיך אַראָפּצובייגן.

טרויעריקער בעטלער איבער ווייגנדיקע ראָגן, —
שלעפּסט אַרום זיך איבער גאַסן בלינד און גרוי.
אַלע פירן מיר אַרום אונדזערע לעבנס איבער גאַסן
הפקרדיקע, שטומע, ווי דו אַזוי.

# אַרום איז פרילינג . . .

.1

אָ, לאָזט מיך אַוועק צו די ברייטע פעלדער,
איך וויל אין מיין איינזאַמקייט קיינעם באַגעגענען.
פון דער ערד שלאָגט מיט גרינע גראָזן,
באַלד וועט אָנהויבן רעגענען.

אַ גאַנצן טאָג צווישן אָרעמע שכנים אַרומגעגאַנגען
אַ צעבראָכענער, אין שטילער פיין. —
ווייסן זיי אפילו ניט אין זייער טיפן אומעט,
אַז דורך די פענצטער אין זייערע שטיבער
פאַלט אַ שטראַל פון ליכט אַריין.

אָ, אָרעמע שכנים, זעט, כ'האָב פולע הענט מיט גראָזן.
דער ווינטער איז אַוועק, דער לעצטער שניי צעגאַנגען.
ס'טראָגן זיך ווי שטיקער בלויקייט דורך אייערע גרויע דעכער —
פון ווייטע לענדער — פייגל אין געזאַנגען.

קלאַמער איך זיך איין אין פייכטע ביימער
און איבער אונדז דער פרילינגדיקער רעגן.
עס קומט אַרויס די זון, גיט אַ לעצטן שיין —
און גייט דורך שפעטן אָוונט
אין טיפן הימל צוריק אַריין.

.2

עס לויכטן אין פינצטערניש, אין ווייטקייט די פייערן,
די ערד אין גערויש, מיט נאַכטיקע באַנען, מיט טויט און ימען.
נאָקעטער צער פון מענטש און חיה —
עס טראָגט אונדז די ערד אַרום דורך טאָג און נאַכט,
דערנאָכדעם פאַרשלינגט זי אונדז אַלע צוזאַמען.

אַלע צוזאַמען. יעדן באַזונדער. —
אייביקע שפּיל און אייביקער וואונדער. —
ערד, הער אויף זיך אַ ווײַלע צו דרייען —
פאַרלעש דיינע פייערן, מאַך אויך פינצטער די שטאָט.
ס'איז איינזאַם דער מענטש —
און אייביק און איינזאַם איז גאָט.

און צווישן גאָט און מענטש אַזאַ פרילינגדיק וואַקסן.
אינדערהויך — די לבנה —
און אונטן דאָס בלישטשענדיק־טרויעריק וואַסער.
אין דער ווייט — הויכע, גרינע בערג.
פון גרינע בערג ציען ווערים אַרונטער צום וואַסער, צום פייכטן ברעג.

.3

אַזאַ ציטערדיק גרויער פרימאָרגן.
איבער אַלץ דאָס ווייסע בליעכץ.
וועלדער זינגען מיט אייביקע קוואַלן
און שטראָמען מיט ליכטיקן צוויט.
די וואָלקנס צערייסן זיך איבערן וואַלדיקן הימל,
פאַרשווימען צו ראַנדיקע זייטן.
און לאָזן איבער דאָס בלוי אינדערמיט.

אָ, פאַרלאָזענע מענטשן, רייסט אויף אייערע פענצטער.
קומט אַרויס פון אייער צעבראָכן געמיט —
זעט, קוקט אַריבער צום בלוי —
דאָס לעבן דורך טרויער זיך לייטערט,
אויך דאָס אייביקע לעבן איז אַזוי.

איך זע די שטאָט פון דערווייטנס —
עס פאַרמאַכן זיך שווערער און טיפער די לאָדנס.
קיין שטיינער און פויסטן זאָלן שויבן נישט קענען צעברעכן.
טיפער אין זיך אַליין אַריינצוזינקען.
נישט צו זען קיין הימל, קיין ערד און זון.
מיט אייגענע הענט די אויערן פאַרטויבן.
נישט צו הערן די ווייטע, וויסטע געשרייען,
פון מענטשן וואָס ווערן געטריבן —
דאָס אייגענע לעבן צו רויבן...

קער איך אָפּ פון אַלץ מיינע אויגן,
פאַרפלאָנטער נאָך מער מיינע טריט.
אָ, צעבראָכענער צווייג, —
ווי דו בין איך איצטער צעבראָכן,
כאָטש אַרום איז פרילינג
און אַלץ אַזוי בליט . . .

# וואַלדיקער טרויער

.1

שאָטנס פוןביימער רוען אויף אוונטיקער ערד.
נאַכט קומט אָן פון וועלדער, נאַכט פון טיפע ווייטן.
טרויעריק לעבן מיינס צווישן שטערן און גליענדיקע וועלדער —
וואָס שטומסטו איצט אַריין אין אייביק אַלטע צייטן.

אינעם פייכטן נעפּל דאָס שפּעטע גראָז, —
איבערן גראָז לויכטנדיקע פייער־פליגן.
אָ, טרויעריק לעבן מיינס צווישן וואַלד און ערד,
אייביקער טרויער אינעם נאַכטיקן וויגן.

פון ביימער ברעכן זיך שפּיצן צווייגן,
פאַלן מאָכיק אַראָפּ אינעם ווינט.
איך ליג אויף דאָ אַן איינגעדרייטער צווישן שטויבן,
אַ צעבראָכענער אין שפּעטער נאַכט אַצינד.

ווייסע קנאָספּן רינען אָפּ מיט רויטע בליטן,
מיין האַלדז אַן אָפענער אין וויסטן פעלד.
גוף מיינער, אויף דער ערד דער קאַלטער איינגעשניטן,
אין שטומקייט צו דער אייביק אַלטער וועלט.

די זומער־נאַכט איז פול מיט וואונדער,
און ווינט איז פול מיט שרעק.
אָ, וואַלד געטרייער, אין טיפן פלאָנטער
איך גיב זיך דיר אינגאַנצן דאָ אַוועק.

.2

אָט דאָ איז גוט אַזוי אין זיך אַריינצוזאַפּן
דעם ווייטיק פון באַשאַף, אין פורעמדיקן רוי,
צו זען ווי ס'ברענען דורך די צווייגן אַלע שטערן
און אַז דער הימל איז באמת בלוי.

צו פילן פון באַשאַף דעם פורעמדיקן ווייטיק
און זען, ווי ס'גייט אין פריקייט דער מאָרגן אויף.
עס ציען זיך, אָ, גאָט אין הימל,
מיינע הענט די דאָרע צו דיר אַרויף.

מיטן פריען ליכט זיך אויפצוהייבן
צו דינען גאָט — איך דיין קנעכט.
און ווער ס'איז פון רויב פאַרצוקט געוואָרן,
איז אויכעט גאָט — דיין ווילן גערעכט.

צו דאַנקען פאַר אַלץ — פאַרן שטויב אויף קליידער,
פאַרן טרעטן אויפן גרינעם מאָך.
פאַר זיין אַ גאַנצע נאַכט איינגעטונקט אין יסורים,
און בעטנדיק פאַר נאָך.

ס'איז דער מאָרגן שוין אין פולער טואונג,
ס'טוט די מילב, די זיילן שטויב.
ס'פאַלן אויך אַראָפּ די ליפּן מיינע צו דער ערד:
אַ דאַנק דיר, וואַלד געטרייער, אַ דאַנק דיר און אַ לויב.

.3

ס'איז האַלבער טאָג. זון אויף וועגן.
וועגן פירן קרום און גלייך.
ס'וואַרפט דער טאָג מיט קילע שאָטנס,
וואָס פאַלן צו צום ברעג פון טייך.

כ'צעבינד די קליידער, וואַש זיך איין אין קלאָרן וואַסער.
דאָס ברויט איז זיס, זיסער נאָך די רו אין וויטן וועג.
ס'ציען אויך זיך פייכט די וואָרצלען פונעם וואַלד,
דורך האַלבן טאָג צום וואַסערדיקן ברעג.

וואַלד, גיב אַ ריס זיך מיט די וואָרצלען פונעם אָרט,
און מיט דיין גבורהדיקן גאַנג גיי פון דזשאָנגל אָפּ,
און אויף יעדן שלעכטן מענטש וואָס האָט פאַרגאָסן בלוט,
פאַלן זאָל דיין בוים אַ וויסטער אויף זיין קאָפּ.

און פאַר די געפייניקטע, וואָס וויינען שטום אין צער,
נעם זיי צו זיך צו, דעק זיי אונטער דיינע בלעטער איין.
אָ, גיב אַוועק זיי פונעם גאַנצן טאָג די רו,
דאָס שטילע ליכט, די אָוונט־שיין.

# וואַלד

ה. ליוויק

.1

וואַלד. ווינט און רעגן.
אין גריבער לויכטן וואַסערן אין ווינטיקן בלאָזן.
מיין שאָטן וויקלט זיך אַרום די נאַסע שטאַמען
און וויגט זיך אום אויף הויכע דינע גראָזן.

פון באַרג און בוים קייקלען זיך רעגנדיקע טראָפּנס,
פאַלן אויף מיין שרעקעוודיק געזיכט.
אין די ווייטע פינצטערע גרונטן —
צינדט דער האַרבסט דאָס געל־רויטע ליכט.

בלייב איך פאַרגאַפּט צווישן שטעכעדיקע נאָדלען.
זע, ווי ס'עפענען זיך ברייט און טיף די שמאָלע וועגן.
אָ, וואַלד, כ'וויל איצט ווי דו אַזוי אין אייביקייט פאַרשטומען,
און, ווי אַלץ, וויל איך צו דער ערד איצטער אויך זיך נייגן.

פאַלן אָפּ קופּעסווייז די בלעטער, דעקן צו מיך.
אַ קעלט שטעכט דורך די הוילע קניען.
אָ, וואַלד, איך ווייס, ביסט איצט אין אָנהייב שטאַרבן,
נאָר קומען וועט דער פרילינג — וועסטו ווידער בליען.

.2

פאַלט דער אָוונט צו
איבער מענטש, מאָך און רוים.
אין נאַסן וואַלד האָט וואו אַ ברעך געטאָן —
צעקרימט האָט זיך אויף צווייען אַ שאָטן פון אַ בוים.

אַ טשאַטע פייגל זיינען פונעם שאָטן אָפּגעפלויגן
אינעם שפּעטסטן אָוונט־גרוי —
פאַר דער נאַכט אונדז דאָ געלאָזן —
מיך, דעם שאָטן, דעם בוים צעבראָכענעם אַזוי.

אַ טשאַטע פייגל פונעם וואַלד זיינען אַרויסגעפלויגן
טונקעלע, אין שרעגעסווייז ביינאַנד.
אַ, ליבע, גוטע פייגל, אינעם ווייטן פליען
זעט, ווי רויט דער טאָג גייט אויס ביי דעם הימל־ראַנד.

איז דער וואַלד פאַרפלאָנטערטער געוואָרן
אין בלישטשענדיקע, קאַלטע טראָפּנס טוי
צווישן טויט און האַרבסט —
אויסגערונען איז דאָס לעצטע ביסל בלוי.

.3

וואָס טו איך איצט אַליין ביינאַכט אָט דאָ אין וואַלד,
און וואָס האָט מיך געבראַכט אין בלאָנדזשעניש אַהער?
ס'רייסן פון די בערג זיך שטיקער שטויביק אָפּ
און ענטפערן מיר שטיינערדיק און שווער.

נאָר איך פאַרשטיי דעם ענטפער פון די בערג, פון שטויב.
כ'ווייס: אייביק איז דאָס פורעמען פון דער נאַטור, אייביק דאָס צעפאַלן,
ס'קומט דער מאָרגן, בינדט די זון זיך ווידער אָן —
אין דער ערד מיט אַלע אירע ברענענדיקע שטראַלן.

נאָר פאַר מיר, דעם מענטש דעם עלנטן, איז אַלץ נאָך סוד,
איז אַלץ נאָך וואַלדיק שיינער טרוים.
אָ, לאָז מיך כאָטש אין וויַיטן הימל, גאָט —
אַ שטערן זיין, וואָס לעשט זיך און פאַלט אין רוים.

ס'וועלן דאָ אַ גאַנצע נאַכט די רעגנס
אין גרויקייט אַלץ פאַרגיסן.
אָ, לאָז מיך כאָטש ווי אַ לעבעדיקער קוואַל, גאָט —
האַסטיק טראָגן זיך, ווי אַ תפילה פליסן.

פאַר די מענטשן, וואָס זיינען עלנטע ווי איך,
און וואָס גייען שוין אויף אַלע וועגן צוריק צו דיר, —
און אויך פאַר די, וואָס ציען העגט פון פייערן
שרייענדיקע צו דיין אָפענער, אייביקער טיר . . .

.4

וואָס בין איך דען אַליין דאָ אינעם וואַלד?
אַן עמער איבער אַ סקריפּענדיקן ברונעם —
דער עמער לאָזט זיך טונקל און מאָכיק אַראָפּ אינעם וואַסער
און קאָן צוריק נישט אַרויף, אין ליכטיקן גרין זיך מער ניט געפינען.

אַ שאָף וואָס בלאָנדזשעט הינקענדיק איבער פעלד,
דאַר, נאַס און גרוי —
גייט אין שפּעטן רעגן
און דערשלעפּט זיך צו אַ וואַרעם בערגל שטרוי.

און איך — ביי אַ נאַסן אָפּגעהאַקטן פּיען
אין מיין געבראָכענעם זיצן.
גאָט, דיין לויטער געשטאַלט גייט אויף פאַר מיר
אין פייערדיקע בליצן.

און איך אַליין אין הוילן וואַלד
בין פונעם מענטש — דאָס קלאָגן,
וויין אַריין אין דער איצטיקער וועלט,
אין די גרויע און וויסטע פאַרטאָגן.

# האַרבסטיקע לעמער

.1

פויערים אין שטרוי צינדן אויף פעלדער פייערן.
אַרום וועלדער ציט אַ ווינט: ס׳פאַלן בלעטער:ביימער ציטערן.
בהמות גייען פולע מיט אַראָפּגעלאָזטע העלדזער אין גראָזן,
און שלאָגן אָפּ ברוין, אין טרויעריקן ליכט, אין שפּעטן פיטערן.

פייערן ציען רויט, — נידערן אַראָפּ די גרויע הימלען, —
ס׳געלן בערג, עפּל רויטלען און פוילן.
מיט שמאָלן וועג קומען ווייסע לעמער אָן —
הייבן אויף די קעפּ אינעם האַרבסט אַריין דעם הוילן.

וואָס וועט זיין אַז וועג און וואַלד וועט נאַכט פאַרמעקן?
אַז ס׳בלאָנדזשען אום די לעמער, — פּאַסטעך איז ניטאָ.
הונגעריקע וועלף די לעמער טרעפן
און נעמען זיי פאַרצוקן אין דער אָוונט־שעה.

און אויך בהמות פאַלן.
דער ווינט פאַרלעשט די פייערן, און נעמט אַליין אויך שטומען:
פויערים אין נידעריקע הייזער שלאָפן,
און דעם פּאַסטעך זעט מען אַלץ ניט קומען.

דעמאָלט נעמען קלאָגן הויך אין נאַכט אַריין די וועלף אַליין, —
עס זאָלן עפענען זיך טירן, עס זאָל דער פּאַסטעך קומען;
זאָל דער ווינט אַרום די ווילדע וועלדער —
נאָך האַרבסטיקער און וויסטער זיך צעברומען.

די וועלף אין בלוט, אין צעריסנקייט צווישן שאָף,
זאָטע שלאָפן איין און ליגן.
אַ באָרוועסער דער פּאַסטעך קומט, און אין זיין פלייט
יאָמערט אויף זיין ניגון.

וועקן נעמט דער ניגון די שמאָלע פענצטער,
און נעמט אויפגיין איבער גרויע כאַטעס. —
אָבער טיפער זינקען איין אין שלאָף די קינדער,
און טיפער נאָך אין שרעק — די טאַטעס.

.2

דערזעט אין בלוט דער פּאַסטעך זיינע שאָף —
ער נעמט זיך וואַרפן אויף די וועלף, זיי וועקן:
גיט די נאַכט אַ צאַפּל זיך און נעמט אַוועקגיין,
און לאָזט איבער אַלץ און אַלעמען אין הוילע שרעקן.

קומט אָן אַ נאַסער און אַ געלער דער באַגינען.
אַ דינער רעגן, — רעדערלעך אַ סך.
אַלטע ביימער, רויטע בלעטער
ווייגען מיטן גרויען שליאַך. — — —

אַ באַרוועסער דער פּאַסטעך לאָזט אַהינטער זיך אַוועק דאָס דאָרף,
דאָס בלוט, — די שאָף צעריסענע אויף פעלדער.
ער הענגט דעם טרויער זיינעם אויף — די ווייטע בענקשאַפט —
אויף אַלע ביימער פון באַגינענדיקע וועלדער.

# דערבערן אין מיר די לעצטע שעה

.1

ס'פאַלט אין רויטקייט צו דער אָוונט אויף שויבן,
איך בין היינט איבערפולט מיט בענקשאַפט און געברויז.
אַ גוטע נאַכט אייך, שלעסער אויף די טירן,
אַ גוטע נאַכט אייך, שטיגן פון מיין הויז.

אַ גוטע נאַכט אייך, גאַסן, מיינע ליבע שכנים.
כ'האָב פאַרפאַקט שוין מיינע קליידער
און גיי פאַרנאַכטיק אָפּ פון מיינע טעג.
ס'וועלן טריט צוריק אייך גריסן הייס און שטויביק
פון מיין ווייטן, גייענדיקן וועג.

סע שאָטנט זיך אָוועק די שטאָט און ס'טונקלען זיך די הייזער.
מיינע טריט גיסן זיך צוזאַמען מיט פעלדער אין שפּאַן,
ס'לאָזט אַראָפּ די זון זיך אַ צעבלוטיקטע אויף ביימער, —
ווער איך אויך פון איר געוואָר אַז איך בין דאָ פאַראַן.

אַ גוטע נאַכט אייך, ברייטע פעלדער,
כ'צי זיך ווי די ביימער טיף אין אייך אַריין,
ס'דעקט די נאַכט זיך פינצטערדיק און אייביק —
און הילט מיך דאָ צוזאַמען מיט אייך איין.

.2

עס שמעקט דער וואַלד מיט בלעטער, ניס און ווינט,
און ס׳ציטערט אויף די טונקלקייט, גיסט זיך אָן מיט ליכט.
אין אַלץ וואָס גייט אויף אין ריח פון ערשטן ווינט
דערקאָן איך מיין טרויעריק געזיכט.

מיין טרויעריק געזיכט אין פורעם פון באַשאַף.
אַראָפּצולאָזן זיך מיט פּנים און מיט קני
צו ערד, צו וואַלד, צו זון
פאַרן באַשאַף פון ערשטן אינדערפרי.

עס גייט דער וואַלד אַריין אין וויטן טאָג,
און ס׳גייען מיט די וועגן קרומע פונעם וואַלד אַרויס.
אָ, גאָט, באַהיט די מענטשן פון די גאַסן, וואָס איך האָב פאַרלאָזט,
וואָס גייען איצט ווי איך פון בענקשאַפט אויס.

זיי ווילן אויך ווי איך צוריק אין שטומען וואַלד,
צום אָוונטיקן גלי, וואָס לעשט זיך אויס אין וויטן פלאַם. —
זיי ציען אין מידקייט אויס די בלוטיק־דאַרע הענט
צוריק צום טיפן, אייביק אַלטן שטאַם.

אָ, נעם אונדז אין זיך אַריין, דו ווילדער וואַלד,
און גיב אונדז אָפּ צוריק דאָס שטומע שווייגן,
נעם דאָס מעסער אָפּ, די האַנט וואָס גיסט מיט בלוט,
און דעק אונדז ווידער איין אונטער דיינע צווייגן.

עס לעשט דער וואַלד זיך אויס פונעם פיבערדיקן ליכט.
דער טאָג אַוועק, דער אָוונט גייט אויך אָפּ.
און מיינע האָר און קליידער, ווי די שטאַמען, רויטער ברענען.
בענקשאַפט מיינע —
ס׳וועט דער טאָג אין וויטקייט דיך
אין זיך אַריינגעמען, פאַרנעמען.

.3

ס׳פירט די נאַכט די לבנה אַרום
און צעוואָרפּט זי אויף בערג, אין טאָלן. —
אָ, טיפער וואַלד אין ווייטער נאַכט,
צי קאָנסטו העלפן מיר געפינען דאָ די שפּורן
פון מיינע טיפערע, נאָך ווייטערע אַמאָלן?

ס׳האָט דער וואַלד קיין ענטפער נישט.
ער מוז שוין אייביק אַזוי שטומען.
דרייען מיינע טריט זיך מאָכיק אום,
דערציילן פון אַ ווייטן קומען.

בלאָנקען מיינע טריט פונעם וואַלד אַרויס.
נישט ווייט אַ וואַסער צו אַ לאַנד אַ בלויען רינט . . .
טראָגן זיך דורך וואַלד און וואַסער
מיין פלאַטערדיקע בענקשאַפט, מיינע זינד.

.4

בלויע נאַכט. שמאָלער וועג.
כ׳טראָג אויף מיינע אַקסלען אַ פּאַק מיט געהילץ
און שלאָג אויף ביים ברעג אַ טיש, אַ בעט —
בוי מיר אויף אַ געצעלט.
דורך איין מינוט לויכט די לבנה מיך אַדורך
מיטן ליכט פון דער גאַנצער וועלט.

פאַרהאַקט די טיר פון מיין געצעלט.
גו, איצטער וועל איך רוען, איין אַליין.
ס׳לויפט דער ווינט די ערד אַדורך —
און לייגט זיך ביי מיין טיר אין קאַלט־געוויין.

אַ, קאַלט־געוויין, כ׳דערשפּיר דורך דיר די גאַנצע וועלט
אין מיטנאַכט־שעה דורך אַלע מיינע גלידער. —
וואַיע טיפער דורך דורך מיר,
און טראָג זיך אין געדריי
צוזאַמען מיטן גרויען וואָלפס געוואַי: —
צו זיינע פיס די מידע
פאַלט אין שפעטן הונגער
אויף מיין אייגענער געשריי.

.5

רויט גייט אויף די באַגינענדיקע זון
איבער טייך און וואַלד און פעלד.
כ׳צעברעך דעם טיש, צעברעך די בעט,
צעוואַרף און שליידער אום די ווענט
און עפן זיך נאָך רויטער פון דער זון . . .
איך קאָן די קולות מער פון וועלטס געשריי נישט הערן.
אָ, פריער מאָרגן, לויטער מיך און לייז מיך אויס,
דערברען אין מיר די לעצטע שעה —
ווי ס׳האָט די נאַכט אַדורכגעברענט די לעצטע אירע שטערן . . .

# אינהאַלט

## אין שפּעטן אָוונט ליכט



## פון רויטן מויער



## איבער שטיינערנע גאַסן



## פון ווינטערלאַנד



## אין וואַלד